# אַ וואָרט



די לידער פון פ. פרידמאַן, האָבן מיך באַווירקט מיטן לירישן־האַרציקן טאָן. לעזנדיק זיי, האָב איך געהאַט דאָס גע־פיל, ווי עמיצער וויינט אַרויס מיט אַ תהלים־ניגון, דעם צער און די פרייד, האָפנונגען און אַנטוישונגען, און עס ווערט דערנאָך לייכטער אויפן האַרצן . . .

אויב די לידער קלינגען אפשר ניט, — ווי די דיכטערן אַליין דריקט זיך אויס — „מאָדערנע און ניי" זענען זיי אָבער ערלעך און געפילפול איבערגעגעבן אויף איר אייגענעם שטיי־גער, ווי זי האָט עס דורכגעלעבט, דורכגעפילט און אַרויסגע־זונגען „ווי אַ פויגל געטריי..." וואָס דאָס איז אַ מדרגה פאַר אַן אָנפאַנגערן.

יצחק בלום

## כ׳האָב ניט געמיינט...

עס האָט ניט געמיינט ווער'מען שטימונג,
טרויעריק מאַכן, מיין ליד;
פאַרבייטן אַ גליקלעכן שמייכל,
אויף אומעטיק, שווערן געמיט...

איך האָב ניט געטרוימט ווען ביי מענטשן
געפינען אַ טרייסט, צו אַ טרער; —
אַראָפּריידן זיך פונ׳ם האַרצן,
אַט דאָס איז געווען מיין באַגער...

איך ווייס, אַז מיין ליד וועט ניט קלינגען
מאָדערנע אזוי, און אויך ניי...
דאָך ווילט זיך מיר זינגען און זינגען,
אזוי ווי אַ פויגל געטריי...

# קלינגט טאַקע מיין ליד?

קלינגט טאַקע מיין ליד,
פון לייד און פון פרייד,
ווי אַ תפילה, אַ געבעט,
אַזוי האַרציק און שטיל,
מיט טיפן געפיל?...

קלינגט טאַקע מיין ליד
אַזוי יונג, אַזוי טריי,
ווי ס'וואָלט אויפסניי,
זיך צעבליט מיין געמיט,
מיט שטימונגען יונג,
מיט שטימונגען ניי...

— — — — — — — — — — —

קלינגט טאַקע מיין ליד?...

# ווי שיין איז דאָס ליד

ווי שיין איז דאָס ליד,
פון פרילינג און צוויט,
ווען זון זיך צוהעלט —
באַפּוצט אונזער וועלט...

און וואַרימע שטראַלן,
עס פאַלן און פאַלן,
אויף בלום און אויף בוים,
מיט ליכטיקן טרוים...

ווי שיין איז דאָס ליד,
פון פרילינג־געמיט — — —
זים נאָגט און עס ציט,
וואַן אייביק עס בליט...

## זומער אויפן לאַנד

ס'איז א יום־טוב דאָ אַ גרויסער,
פעלד און בלום און זאַנג;
אַלץ איז אויסגעפּוצט אין פאַרבן,
פון זונען־אונטערגאַנג...

ווי די רו פון שבת קודש
שוועבט די שטילקייט אום,
און די ריזיק גרויסע בוימער,
שטייען פעסט און שטום...

און ביינאַכט שווימט די לבנה
מיט שטילן ליבעס־שיין;
און דאָס האַרץ ווערט פול מיט בענקשאַפט,
מיט צויבער־זיסן פיין...

## ניט אָפּגענאַרט...

עפּעס דאַכט מיר, עפּעס פיל איך,
עפּעס האָט מיט מיר פּאַסירט;
אין די טיפע סודות־ווינקלען,
האָט זיך עפּעס שטיל גערירט.

און עס לאַכט זיך און עס זינגט זיך,
און ס'איז פריילעכער דער מוט;
און עס טאַנצט זיך און עס שפּרינגט זיך,
ס'איז דער חלום אזוי גוט...

קען עס זיין? עס גלויבט זיך קוים,
אַז די שיינקייט פון דער וועלט,
האָט דערגרייכט אַהער צו מיר,
און זיך טאַקע אָפּגעשטעלט?

און עס ווילט זיך אַזוי גלויבן,
אַז ניט אומזיסט האָב איך געוואַרט!
און דאָס האַרץ, דעם אומרו זאָגן:
„ניין, איך בין ניט אָפּגענאַרט!..."

# פ ר י י !

צו קען נאָך זיין שענער,
ווי לעבן זיך פריי;
טאַנצן און שפּרינגען,
אַ קינד, אויפסניי?

ליבן אַ מענטשן
ניט פרעגן דערביי,
פאַרוואָס און פאַרוועו
צו איז עס כדאי?

ליבן אַ מענטשן
אָן תכלית, אָן ציל,
אַזוי ווי דאָס לעבן,
געווען וואָלט אַ שפּיל...

ס'רופן עס מענטשן
נאָך אַלץ אָן — פאַרשייט,
פאַר אַזאַ לעבן —
איז ווייט נאָך די צייט.

## שיינע מאָמענטן

מאָמענטן ליבע, שיינע,
ווי זעלטן איר דערשיינט,
וועט איר ווידער קומען
פונקט אַזוי ווי היינט?

ס'איז דאָס לעבן קורץ
און מיט זאָרגן פיל;
כאָטש אַ ליב מאָמענט,
גוט איז אין דער שטיל.

אייביק נאָר זיך יאָגן
פאַרן עקזיסטענץ;
ס'האָט דאָך אויך דאָס לעבן,
שיינע צוויבער־טענץ.

מאָמענטן שיינע, ליבע,
ברענגט מיר וואָס מער פרייד!
איידער איר פאַרשווינדט,
איידער איר פאַרגייט.

## ס׳איז מיר גוט...

צו זאָל דאָס זיין ליבע, צו שטרעבן, צו בענקן,
צו האָט האָפנונג געגעבן מיר מוט?
איך וויים ניט, איך וויל קיין דערקלערונג זיך געבן,
כ׳פיל נאָר, ס׳איז גוט מיר און גוט.

אַ ליכטיקער שטראַל עס באַלייכט מיין נשמה,
דערציילט מיר, פון קומענדן גליק;
און פונקט ווי נאַאיווע, אין קינדערשע יאָרן,
עס קומען חלומות צוריק...

ווי אין אַ נעבל האָב איך דאָך געלעבט זיך
מיינע פאַרגאַנגענע טעג;
דערזען ערשט איצט, אז דאָס לעבן פאַרמאָגט אויך,
אַ שענערן, ברייטערן וועג...

# אומשטענדן

צו קען מען אַוועק כאַטש
פון זיך אויף אַ שעה?
איז פאַראַנען אַ ווינקל,
וואו ס'הערשט דאָרטן רו?
ניין, די אומשטענדן לאָזן נים צו!

מיר קלייבן און זוכן,
און פלאַנען, און ס'דאַכט זיך,
אַז מיר קומען באַלד אָן,
וואו ס'פרייד און ס'לאַכט זיך,
„ניין!" זאָגן אומשטענדן, „גיי צוריק און באַטראַכט זיך"...

עס גיט דאָך די וועלט אונז,
אַזוי ווייניק גליק;
איז פאַראַנען אַ ביסל
נו, שטויסט מען צוריק,
און אומשטענדן זאָגן: „גענוג!"

## מען טאָר ניט!

נעם פון לעבן, וואָס דו קענסט,
און ניט רוף עס: זינד!
באַלד וועט קומען יענער טאָג,
ווען די לוסט פאַרשווינדט...

לעבּ־זשע גיכער, שנעלער, פלינקער,
ווייט איז שוין די זון...
באַלד ווערט טונקעלער און קילער,
וואָס וועסטו דאַמאָלסט טאָן?

און עס ווילט זיך לעבן, לעבן,
הייס איז נאָך דאָס בלוט...
אַלעס וואָס עס פעלט נאָר שוועסטער,
איז אַביסל מוט...

## ווי אַ ליכט

פונקט ווי אַ ליכט, וואָס עס האַלט זיך אין צאַנקען,
ווערט אַ ווייל איר פלאַקער נאָך גרעסער;
אַזוי פלאַקערט אויף אַ פאַרלאַנג נאָך צום לעבן,
עס זאָל כאָטש ביים ענדע זיין בעסער.

דאָך טונקעלער ווערן די פונקען פון לעבן,
אַלץ וויי־ניקער מערקט זיך דער פייער,
און פאַר דעם ביסל, וואָס איז נאָך פאַרבליבן, —
ווערט ניט דער פרייז זיין צו טייער?...

# ווידער קומען גרויע טעג

שוין דער זומער באַלד אַוועק,
ווידער קומען גרויע טעג,
ווידער לויף און ווידער יאָג זיך,
ניט דערגרייכט דאָס גליק האָט דאָ דיך.

בלויז אַ טראָפּן גליק ביים ים־ברעג
אין די שיינע זומער טעג...
ים און זון און קילער ווינט,
און דאָס אויך׳עט באַלד פאַרשווינדט...

# דער חלום איז אַוועק

װען איך בין נאָך גאָר יונג געווען
איז שיין געווען דאָס לעבן;
פול מיט האָפענונג און ליבע,
איז געווען מיין שטרעבן.

ס'איז דער חלום לאַנג אַוועק
פון יענע יונגע יאָרן;
אָט בין איך שוין אין האַלבן וועג
און עלטער בלויז געוואָרן...

## רכילות

אויך דאָ אויפֿן לאַנד איז קיין פֿריינטשאַפֿט ניט פֿאַראַן,
רכילות אויך דאָ מיטגעבראַכט;
און איך האָב געמיינט, אויף דער פֿרייער נאַטור,
דאָס שיינע אין מענטש האָט דערוואַכט.

דאָ, וואו מען אָטעמט די ווייך־ריינע לופֿט,
וואו אַלעס ארום איז גן עדן;
אַוועק פֿון דער רעש'יקער, קאָכיקער שטאָט,
א ווײַלע פֿון גיהנם זיך שיידן.

אויך דאָ איז דער מענטש אַזוי ביליק און שוואַך,
אין גאוה, אין קליינקייט פֿאַרטרינקען;
פֿון אויבן פֿאַרפּוצט מיט מאַניערן אַ סך,
אָבער דאָס האַרץ, די נשמה, איז פֿלאַך,
און נידעריק גייסטיק געזונקען...

# מוזיק

וועז ס'האַרץ איז שווער
און אַלץ איז טונקל,
וועז ס'לעבן שטויסט דיך
צוריק אין ווינקל...
— רייס אַרויס זיך באַלד צוריק
גיי און הער מוזיק!

מוזיק — דאָס שענסטע,
אינם לעבן,
עס מאַכט דיך יונג,
עס מאַכט דיך שטרעבן...
— עס נעמט אַוועק פון דיר דעם יאָך
אָ, שפּיל מיר נאָך, אָ, שפּיל מיר נאָך!...

# אַ גרוס

אַ גרוס פון אַ מענטשן,
וועמען האָסט ליב;
ברענגט צו דיר האַרציקע
פרייד, אין דיין שטוב.

דו נעמסט זיך דערמאָנען
אָן מעשה'לעך פיל,
פון גליקלעכער קינדהייט
און יוגנט־געפיל.

און ס'ווילט זיך ניט שיידן
לאַנג מיטן פריינט;
דערציילן, דערציילן,
פון אַמאָל און פון היינט.

# מענטשן

פאַראַנען מענטשן אײדעלע,
פאַראַנען מענטשן קלײנע;
פאַראַנען מענטשן נידעריקע,
פאַלשע און געמײנע.

האָב איך אין מײן קלײנעם װעלטל,
באַגעגנט מענטשן אַלעראַלײ;
און שטענדיק, שטענדיק נאָר געקליבן,
בלויז די בעסערע פון זײ.

מענטשן, װאָס פאַרמאָגן טיף
רײכערעס װי געלט;
מיט נשמות װאָרימע, —
ס׳שענסטע אין דער װעלט.

מענטשן מיט געפילן רײך,
און מיט גײסט באַהעלט;
װעט מיר ליכטיק זײן מיט זײ,
אין מײן קלײנער װעלט.

## ווער איז אַ פריינט?

קאָנסט איר אַ מענטשן, וואָס לויבט אייך זעלטן,
און קען אייך שוין לאַנג, ניט פון היינט!
און רעדט ניט צופיל בלויז פון אייערע מעלות —
יענער איז אייער פריינט!

אַ מענטש, וואָס באַגעגנט אייך פריידיק און האַרציק,
מיט גליקלעכן שמייכל, וואָס שיינט,
און אַמאָל אויך מיט זיין טרויער און טרערן —
יענער איז אייער פריינט!

אַ מענטשן מיט וועמען איר קענט זיך אויך טיילן
מיטן אַמאָל, מיטן היינט,
וואָס פילט און וואָס טיילט מיט אייך ליידן און פריידן—
יענער, ער איז אייער פריינט.

# וואָס מיר פעלט

איך האָב אַ זייער גוטן פריינט
געטריי מיר ווי דאָס לעבן;
באַקלאָג איך זיך: ס'איז ניט גוט,
צי קען ניט בעסערס געבן?

טרייסט ער מיך, און זאָגט צו מיר:
„בעסערס קען ניט געבן,
דו האָסט אַ היים, דו האָסט אַ פריינט!
ניט מאַך זיך מיאוס דאָס לעבן!"

איך הער מיך צו און טראַכט צו זיך:
„צי קען ניט בעסערס געבן?
ווי די עצה פון מיין פריינט,
צו מאַכן זיס דאָס לעבן?"

„צוקער, פעלט מיר, גוטער פריינט,
אַבימל ניט קיין סך...
קענסטו דאָס פאַר מיר געפינען,
פעלט מיר ניט קיין זאַך!..."

## באָבע פרייד זיך

(געווידמעט דעניאלס מוטער)

דערציילט מיר אַן אַלטינקע
מיט טרערן פון פרייד;
„ניט געהאַט שוין קיין נחת,
אַזאַ לאַנגע צייט.

ווען ס׳איז אַזוי גוט מיר
געווען פונקט ווי היינט;
ווי איצט מיט מיין טייערן,
אַלטינקן פריינט.

אָט זעט מיין נחת,
מיין גוטס איז דאָך גרויס!
עס פעלט ניט חלילה,
קיין זאַך אין מיין הויז.״

און ס׳פרייד זיך די באָבע,
וואָס גאָט האָט געגעבן,
אַ טראָפּעלע גליק איר,
ביים ענד כאָטש פון לעבן.

# אַ מיידל

גבוירן אין אַ שטעטעלע,
אַ שטעטעלע אַ קליינס;
געוואַקסן איז דאָס מיידעלע,
אַ חנ'עוודיקס אַ שיינס.

דער טאַטע אין אַמעריקע,
די מאַמע — לאַנג שוין טויט;
בענקט אזוי דאָס מיידעלע,
אין איר גרויסער נויט.

איז עס זיך אַזוי געגאַנגען
ביז דער גוטער שעה;
ס'איז דאָס מיידל מיטן טאַטן
שוין צוזאַמען דאָ.

זי וועט אָנפאַנגען צו לעבן,
איצט דאָ אויפסניי;
לערנען און שטודירן פיל,
ס'איז דאָ אַלעס פריי.

און דער טאַטע איז אַ גוטער
האָט זי ניט קיין יאָך;
ער גייט טעגלעך צו דער אַרבעט
גיט איר אַלעס נאָך...

זי, דערווייל, זי מאַכט אַ היים
קיין מאַמע איז ניטאָ;
מוז זי קאָכן, מוז זי ראַמען,
פאַרנומען יעדער שעה...

ניט דערגרייכט האָט זי, דאָס מיידל
איר האָפענונג פון יאָרן;
ס'איז איר יונגער מיידל חלום,
פאַרווירקלעכט ניט געוואָרן...

# קינדער יאָרן

קינדער יאָרן? איך געדענק ניט,
קינדער, יאָרן, לייכט און צאַרט;
בין איך ווען גאָר קליין געוועזן?
האָט מיך ווער ניט אָפּגענאַרט?...

איך געדענק ניט פון קיין שפּילצייג,
פון קיין וואַרעם, פריינטלעך וואָרט;
ווען איך בין אַ קינד געוועזן,
אין מיין קליינעם שטעטל דאָרט.

כ'קען זיך איין זאַך בלויז דערמאָנען
אָן דעם זיידנס שטרענגן בליק,
ווי ער האַלט מיר אין איין פרעגן:
„ווען שיקט דיין טאַטע ס'געלט אָפּ צוריק?

כ'צאָל דעם רבי'ן, גייסט אין חדר,
כ'גיב דיר עסן, שיך און קליידער,
און דו, אַ מזיד, שוין באַלד צען יאָר,
ווילסט זיך שפּילן, שטיפן גאָר!..."

# עס ווײנט אַ מאַמע

עס ווײנט אַ מאַמע
ווען ס'קינד האָט קײן ברויט ;
עס ווײנט אַ מאַמע,
פון ביטערער נויט.

עס ווײנט אַ מאַמע
אין ווײ און אין לײד ;
ס'ווײנט אויך אַ מאַמע,
פון האַרציקער פרײד.

עס ווײנט אַ מאַמע
בײם לעצטן צושײד,
ווען ס'קינד פאָרט אַוועק,
די פור שטײט שוין גרײט...

## דער טאָג פון דיין געבורט

הײַנט איז דער טאָג פון דיין געבורט,
עס זאָל דיר זיין מיט גליק!
האַלט אייביק נאָר דיין קוק פאָראויס,
און ניט קוק צוריק.

פאַרגעס אָן יענער אַלטער צייט,
אָנגעזאַפּט מיט פּיין;
דערמאָן בלויז דיינע קינדער־יאָרן,
קינדעריש פרייד און שיין . . .

## געבורטסטאָג

(צו ביטריס׳ן)

שניידן זאָלסטו אַלע יאָר,
ניט קיין יאָרן, פאָרציִעס נאָר!
יאָרן גייען סיי ווי סיי,
מאַך די צוקונפט אייביק ניי.

און מיר וועלן זיך צוזאַמען
ווידער פרייען, ווידער לאַכן,
ווי די קינדער, ווי אַמאָל,
שפּילן זיך און נאַריש מאַכן.

כ׳וועל געדענקען גוט דעם טאָג,
פון דער שמחה דיינער פריינט,
ווייל דו קענסט אַ האַרץ דערפרייען,
טו עס ווייטער פונקט ווי היינט!

## אַ נאָענטער פריינט

האַלט איר טאַקע מיך
פאַר אַ נאָנטן פריינט,
צו קומען, צו באַשיינען,
אייער שמחה היינט?

ווער רעדט דען איצט פון מידקייט,
פון פרי, צו גאָר פון שפעט?
אַז וואַרים קלינגט אַזוי,
די שטימע מיר, וואָס בעט:

„קומט, זאָגט איר, ס'מאַכט ניט,
זיין עם מעג ווי שפעט".
און כ'פיל אַ פריינט האָט האַרציק,
צו מיר אַזוי גערעדט.

כ'האָב, דאַכט זיך, פיל נאָך היים'ן,
אַ סך, וואָס איך האָב ליב,
דאָך איז מיר אַזוי גוט דאָ,
און ליב מיר אייער שטוב.

כ'פיל, אַז איר זענט עפּעס
אַנדערש גאָר פון זיי, —
אַז דאָ וואוינען מענטשן,
בעסערע צוויי.

## געקומען זיך געזעגענען

געקומען זיך געזעגענען
אָ, טייערער, גוטער פריינט;
נאָך אַ לעבנס סטרונע,
ווערט צוריסן היינט.

דער וועג איז אַזוי ווייט,
דער וועג איז אַזוי גרויס;
ווארט איך אויף אַ בריוו,
קוק די אויגן אויס.

לייען איך די שורות,
צוויי און דריי מאָל איבער;
שרייבסטו אַזוי ווייניק,
בייַנקסטו ניט מיין ליבער?

## אָפּשייד

נאַרוואָס, דאַכט זיך, אָנגעקומען
פון אַזאַ ווייטן לאַנד;
גוטע שוועסטער מיינע,
געזעגנסט זיך שוין היינט!

האָבן מיר דאָך פיל נאָך
ביידע וואָס צו רעדן;
מוזן מיר שוין שוועסטער,
ווידער זיך צושיידן?

פאָר געזונט, מיין שוועסטער,
און נעם דעם חלום מיט!
זאָל אונזער קורצער גליק דאָ,
דיר קלינגען ווי אַ ליד.

## מיין היים

געוועזן איז מיין היים
ליכטיק און פיין ;
פריינט פלעגן קומען
אַרויס און אַריין.

אַ פרייליכע שטימונג,
אַ וואַרימער בליק ;
אַ האַרציקע פריינטשאַפט,
פון פרייד און פון גליק.

ניטאָ איז דאָ קיינער,
די שטוב איז אַליין ;
צו וועמען זיך איילן
צו קומען צוגיין.

צושטערט איז געוואָרן,
מיין היים און מיין וועלט ;
שווער צו געפינען ;
אַ היים ווען עס פעלט.

# אַ ליכט פאַרלעשט זיך

נאָך אַ ליכט האָט זיך פאַרלאָשן,
אין איין יאָר צוויי העלע שטראַלן . . .
מיט אַ נעבל גרוי פאַרהאַנגען,
איז אויף מיר די האַק געפאַלן.

פאַרלאָרן אַזאַ ליבן פאָטער,
ס'איז די וואונד נאָך פריש ביז היינט;
אַליין געבליבן דאָ אין שאָטן,
מיטן טויט איצט, פון מיין פריינט.

ניט קיין קינדהייט, ניט קיין יוגנט,
האָט דאָס לעבן מיר געשאָנקען,
נאָך דער ליבע פון אַ מוטער,
פלעג איך שטענדיק אַזוי בענקען.

ביז ס'האָט לעבן מיך פאַראייניקט,
מיט אַ ליבן, גוטן מענטשן,
ס'האָט די זון געמומען שיינען,
און מיט ליבע מיך צו בענטשן.

געוואָרן אויך אַ שטאָלצע מוטער
פון צוויי שיינע, ליבע קינדער,
און דער טאַטע מיט דער מאַמען,
טיילן זיך מיט זייער וואונדער.

שטיל, אָן ווערטער פלעגט דער פאָטער
אויף זיין אינגל בלויז נאָר קוקן;
וויפיל נחת, וויפיל פריידן,
פלעגט זיין בליק צו מיר אויסדריקן . . .

ס'איז אַ יאָר נאָך צו בר מצוה,
ס'מאַכן טאַטע, מאַמע פלענער,
ווי פאַר זייער קינד די שמחה,
מאַכן רייכער, מאַכן שענער.

פלוצלונג ווי אַ ווילדער שטורם,
קומט דער טויט דער בייזער מאָנסטער,
און רייסט אַוועק דעם מאַן און פאָטער,
און ס'פאַרשווינדט דער טרוים, דער שענסטער.

# ע ל נ ד

ס'ווייסן אַלע דיינע פריינט,
פונקט אַזוי ווי מיר,
אַז דו האָסט די שענסטע יאָרן,
געאָפּפערט אָן אַ שיר, —

פאַר אַ ליכטיק, בעסער לעבן,
אין די פינסטערע פאַבריקן;
ניט דערלאָזט די אַרבעטער,
פונם באָס זיך דריקן.

און מיט לעבן, לייב און זעלע,
פאַרטיידיקט זייער ברויט,
און געוואָרפן זיך אין קאַמף,
אַנטקעגן הונגער, נויט . . .

ביז דו האָסט גענומען שווייגן,
שטענדיק נאָר מיט זיך;
„וואָס איז מיט דיר אַזוינס געשען?"
פרעגן אַלע מיך.

און איך האָב דעם סוד געוואוסט,
פון דיין שווער געמיט;
האָב געפילט דיין קראַנקע האַרץ,
פון קאַמף און אַרבעט מיד . . .

און שטיל ביסטו אַזוי געווען,
ביז דער לעצטער שעה;
פיל איך איצטער אַזוי עלנד
ווען דו ביסט ניטאָ . . .

## נאָכן טאַטנס טויט

ביסט פון מיר אַוועק מיין טייערער,
שיינער, גוטער טאַטע מיינער,
און מיך דאָ אַליין געלאָזן, —
פון מיין בענקשאַפט ווייס ניט קיינער.

אָ, ווי שווער עס איז צו גלויבן,
אַז דיין ליב און גוט געזיכט,
לויכט ניט מער מיט פאָטער־ליבשאַפט,
אויסגעלאָשן איז דאָס ליכט . . .

אַלץ איז איצטער פרעמד געוואָרן,
אין דיין היים, אין שטילן ווינקל;
דו האָסט מיט זיך דאָס ליכט פאַרנומען,
און די שטוב געלאָזן טונקל . . .

## דער ערשטער יאָרצייט

שוין אַוועק אַ יאָר אַ גאַנצער,
דאָך איז די וואונד נאָך אַזוי ניי;
און ביי דעם שיין פון יאָרצייט־ליכט,
זיין געזיכט עס שוועבט פאַרביי.

אָט הער, איך, דאַכט זיך, איצט זיין שטימע:
„גענוג שוין, קינד, נאָך מיר צו קלאָגן!"
אַך, מיין טייערער, פאַר וועמען,
קען איך דען מיין צער אויסזאָגן? . . .

## ס׳פעלט אַ חבר

ס׳פעלט א פריינט מיר, ס׳פעלט א חבר
אין דער שעה פון רו;
ס׳ווילט זיך טיילן, פריידן, ליידן,
און קיינער איז ניטאָ.

דערצו האָט מיר נאַטור געגעבן
לעבנס־לוסט א סך;
און א פּנים אַזאַ פריילאכס,
און געזאָגט מיר: „לאַך!"

פאַרוואָס־זשע, ווײַנט דאָס האַרץ אין מיר
מיין לאַך איז מיט אַ טרער?
אָ, דו מזל, מזל מיינער,
ווען נאָך קומען ווער?

ס׳פעלט א פריינט, ס׳פעלט א חבר,
אין דער שעה פון רו;
ס׳וויל זיך לעבן, ס׳וויל זיך ליבן,
און קיינער איז ניטאָ.

## מען גרייט זיך

ווער זוכט היינט אַ מענטשן
מיט צאַרטע געפילן?
דעם בלוטיקן ראַסנהאַס,
וויל מען נאָר שטילן...

ניטאָ מער אַזעלכעס,
ווי האַרץ און נשמה;
פאַרנומען די וועלט איז
מיט שרעק פאַר מלחמה.

מיט יענע פאַרפלוכטע,
ברוטאַלע באַרבאַרן,
וואָס שלעפּן דער וועלט
אין מלחמה־געפאַרן.

גרייט מען צום קאַמף זיך
אַנטקעגן דער שלאַנג דאָרט, . . .
און וואָס איז מיט הערצער,
וואָס פילן נאָך פאָרט?...

# אַ טעות

מענטשן מאַכן טעות'ן
אין לעבן, אַלעראַליי;
מאַך איך אויך אַ טעות?
באַלאַנג איך אויך צו זיי?

געמיינט, אַז ס'איז ניט נויטיק
קיין ענטפער אויף מיין ליד,
זינגען שטיל און ערלעך
האָב איך זיך געמיט.

צו־וואָס, האָב איך געטראַכט זיך,
פאַרלאַנגען גאָר אַ דאַנק?
אַן אָפּקלאַנג ווען צו הערן,
פון מיין שטיל געזאַנג.

כ'האָב געמאַכט אַ טעות
מיט מענטשן אַלעראַליי;
ס'וויל אַמאָל זיך הערן
אַן אָפּקלאַנג אויך פון זיי.

